Nr. 3. Jüdische Frauenwelt. ערשטער יאהרגאנג.





אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל-יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.
ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:
פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ-אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.
פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד"ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס-בילדונג“.

אבאנאמענטס-פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב-יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל-יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“ נור 5 רובל יעהרליך, האלב-יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל-יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוססלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

קראקוי, י"א תמוז תרס"ב. Nr. 3 Krakau, 16 Juli 1902.


## אינהאלט:



# די פרוי.

(א ביסעל פרויען-פסיכאלאגיע).

פון

## דוד פרישמאנן.

II.

ווייל פרויען ליידען, מיינען זיי, אז דארט ביי זיי, ביי די מענער, איז עס בעסער, ווי איבערהויפט יעדער ליידענדער און קראנקער מיינט, אז עס איז בעסער דארט, וואו ער געפינט זיך נישט — און דערפאר ווילען זיי און שטרעבען זיי מיט אלע כחות, צו ווערען אין אלעמען גלייך צו די מענער.

איך וויל נישט רעדען פון דעם גרויסען טעות, וועלכען זיי האבען. יעדער וועלכער שטעהט אונטען, מיינט, אז דאס בלויע אויבען

איז א הימעל, אונ עס ווילט זיך איהם נישט גלויבען, אז דאס איז לופט, פוסטע לופט.

אבער פאר וואס ווילען זיי נישט פערשטעהן, ווי דאס גאנצע איז גיט מעגליך — פון נאטור ניט מעגליך!

לויזא מארהאלם, יענע פרוי וועלכע איך האב אין ערשטען ארטיקעל דערמאהנט, גיט דאס זעלבע צו פערשטעהן אזוי: די פרוי קען נישט, אין קיין שום זאך, זיין גלייך צו דעם מאן. אומגעקעהרט, איהר גאנצע ענטוויקלונג מאכט זיך אזוי, אז זי זאל וואס אמאל מעהר אונ וואס אמאל ווייטער ווערען אין די פערשיעדענסטע אופנים נ י ט גלייך צו דעם מאן. אין דעם וואס זי איז אנדערש ווי ער, ליעגט איהר אנציהונגס-קראפט פאר דעם מאן אונ איהר גליק פאר זיך זעלבסט. דאס אומגליק איז נאר, וואס די פרוי פון היינט איז פון איין זייט נישט מעהר פון יענעם גראבען געזונדען בעל-הבית'ישען שטאף, פון וועלכע עס זענען געווען אונזערע באבעס אונ עלטער-באבעס, אונ פון דער אנדערער זייט איז זי נאך נישט פערטיג אינגאנצען אין איהר אנדערש-זיין, וואס זי מוז זיין אנדערש ווי דער מאן. די היינטיגע פרוי איז א מין האלבע זאך, נישט אהין, נישט אהער. אונ די ערציהונג אין דער היים, אונ די ערציהונג אין דער שולע, אונ די גאנצע געזעלשאפט ארום איהר אונ די הויכע תורה פון אונזער גאנצער מאראל, זיי אלע האבען זיך פערבונדען, כדי נישט צו לאזען די פרוי ארויסקומען פון יענער האלבקייט.

די היינטיגע פרוי האט נישט מעהר קיין רעשפעקט פאר דעם מאן אונ האט נישט מעהר קיין רעשפעקט פאר זיך אליין, וואס זי איז דאך דער גוף וועלכער טראגט דאס נייע לעבען. עס האט אויפגעהערט דער דרך-ארץ ביי איהר פאר יענע קדושה וועלכע עס רוהט אויף איהר ווייבערשע טבע; זי איז געוואהרען נאריש-קלוג אדער איבער-קלוג, זי איז געוואהרען א מענש אהן נאטור.

די היינטיגע פרוי האט העכסטענס נאר מורא פאר דעם מאן.

אויך אונזערע באבעס האבען מורא געהאט פאר דעם מאן. אבער זיי האבען פאר איהם מורא געהאט ווי מען האט מורא פאר איין אנשיקעניש, וועלכעס קומט פונ'ם הימעל. דער חופה טאג איז געוועזען ביי זיי א טאג פון א ביטער געוויין אונ פון בעטען צום הימעל אויף א גוטע מערכה, אויף א גוט מזל. דאס ציוויליזירטע מעדעל אדער די ציוויליזירטע פרוי פון היינט, ווען זי האט מורא פאר דעם מאן, האט זי נור מורא פאר דעם רויהען, ווילדען טיראנישען איינצעלנען מאן, צו וועלכען איהר אומגליק האט זי געפיהרט, אונ ענטקעגען וועלכען זי איז גאנץ אהן מאכט, ווייל ער איז שטארקער ווי זי אונ קען זי רויה בעהאנדלען, ווען ער וויל נאר אונ פאר וואס ער וויל נאר. אונ פארט איז יענע קראפט פונ'ם מאן דאס איינציגע, מיט וועלכען דער היינטיגער מאן געפעלט דעם היינטיגען ציוויליזירטען מעדעל. די קראפט מאכט איהר אן די מורא, אונ די קראפט ציהט זי אן. טהיילמאל איז עס די אמת'ע קראפט, אונ טהיילמאל אפילו נאר די געמאכטע. דאס זעלבע זעהען מיר ביי דער געבילדעטער אריסטאקראטישער דאמע, גראד אזוי ווי מיר זעהען עס ביי דער איינפאכער פרוי פונ'ם פאלק. עס איז כמעט געוואהרען א מאדע-זאך, א מצוה-זאך, א שענע-זאך, צו רעדען אונ צו פאנטאזירען פון די קראפט פונ'ם מאנספערשוין. דער שריפט-שטעלער פרזיבישעווסקי שרייבט גאנצע ערצעהלונגען אונ דראמען, וואו ער לאזט די פרוי טאג אונ נאכט נאר פאנטאזירען פון די קראפט פונ'ם מאנספערשוין. אונ ווען דאס מעדעל האט חתונה מיט אט אזוי א „קרעפטיגען" רויהען ווילדען אקס, אונ פאלט אפט מיאוס אריין,

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טייל

פון

שלום-עליכם

### ערשטער טייל.

I.

### ווער איז דאס פאריל?

אין א שענעם ווארעמען זומערטאג איז צוגעפאהרען צו דער געלער אכסניא וואס אין יאמפעלי א מאזעפעווקער בעל-עגלה מיט א גרויסער בויד ווי א סוכה איבערגעצויגען מיט לייוואנד, געבונדען מיט שטריקלעך אונ געקאוועט אין אייזען מיט אסך גלעקעליך אונ באמבעליך, אזוי אז דאס צופאהרען פון דער בויד האט זיך געלאזט הערען כמעט איבערן גאנצען שטעדטעל. די יאמפעלער קרעמער אונ קרעמערינס, וואס זיצען א גאנצען טאג אונ קוקען ארויס אויף א קונה, בראטען זיך אונ פרעגלען זיך אויף דער זונ, האבען זיך אויפגעחאפט פון זייער דרעמלען אונ האבען אריינגעקוקט אין בויד אריין זעהען ווער האט דאס געקאנט פלוצים אין מיטען דרינען קומען קיין יאמפעלי? אפשר א פריץ? אפשר האט גאט צוגעשיקט א קונה? טאמער וועט דער אויבערשטער רחמנות האבען ער וועט עפיס געבען צו לייזען?

פון דער געלער אכסניה איז ארויסגעקומען מקבל פנים זיין די בויד דער בעל-הבית אליין, רב אלי בארד בכבודו ובעצמו. רב אלי בארד איז א יוד א נידעריגער נאר א געפאקטער מיט א מוראדיגע בארד; דאס גאנצע פנים איז בעוואכסען מיט געדעכטע געלע האר פון אויבען ביז אראפ, אזוי אז מען ווייסט ניט וועלכעס געהער צו די וואנסים, וועלכעס איז פאה אונ וואו איז ברעם—גאלע בארד! מחמת ס'איז געוועזען זומער, א הייסער טאג, איז רב אלי בארד ארויסגעקומען אהן א קאפאטע, מיט ברייטע ווייסע ארבעל, וואס פון דארט האבען ארויסגעקוקט א פאר פעטע הענט אנגע-שוואלען ווי די פאמפעזקעס, אויך בעוואכסען מיט בארד, דאס הארץ איז געוועזען צעהראסטעט אונ פון אונטערען ברייטען טלית-קטן האט ארויס-געקוקט א נייע בארד—בארד, בארד אונ בארד! „עקאי בארדאטש קאקאי!" האבען אויף איהם געזאגט די פריצים וואס פלעגען זיך ביי איהם אפשטעלען, אונ די יאמפעלער יודען, וואס האבען ליעב א גלייכווערטיל אונ וואס זיי טאקי האבען איהם געקרוינט מיט'ן נאמען „בארד", פלעגען זאגען אויף איהם בלשון סגי-נהור, אונ דוקא אין די אויגען, אז רב אלי איז א יוד, „וואס קאטארי סע שיט זיך שוין ביי זיי א בערדיל..."

די מאזעפעווקער בויד איז צו געפאהרען ברייט, מיט א ירגזון, מיט א הוק אונ מיט א פייף אונ מיט א טפררררררו! אלע דריי פערדליך האבען שטארק געפארשקעט, זיי האבען זיך מחיה געוועזען וואס מען איז געקומען צופאהרען. זיי האבען געקוקט איינס אויף דאס אנדערע מיט א האלב איינגעל, צעלאזט די נעזליכער, שטארק געסאפעט אונ געמאכט

זאגט זי נישט, אז איהר אייגענער גראבער שלעכטער חוש הריח איז אין דעם שולדיג, נאר קלאגט איבער „די שלעכטע מענער“.

פארצייטענס, און אויך היינט אין יענע ערטער, וואו מען איז נאך גאט זיי דאנק נישט „געבילדעט“, איז עס געווען גאר אנדערש. די פרוי האט נישט געוואוסט און נישט תופס געווען איהר מאן אלס א געוויסען בעשטימטען פערשוין, נאר אלס „מאן“ סתם. נאטירליך, מיר לאכען היינט איבער יענע „אומגליקליכע“, וועלכע האבען חתונה און האבען פריהער זייער חתן נישט געזעהען און ווייסען נישט, ווער און וואס ער איז; אבער ווען אלע יענע אומגליקליכע וועלען זיך אוועק שטעלען פון איין זייט, און אלע אונזערע „גליקליכע“ פון היינטיגער צייט פון דער אנדערע זייט, איז נאך א פראגע. ביי וועמען מיר וועלען מעהר גליק און ביי וועמען מיר וועלען מעהר טרעהרען געפינען. נאטירליך, מוזען מיר דארויף ענטפערען, דאס די ערשטע פיהלען גאר נישט, און מענשען וועלכע פיהלען נישט, קענען אפילו אומגליקליך אויך נישט זיין. אבער פון וואנען קומט עס, דאס יענע ערשטע האבען באמת יא זעהר אפט דאס גאנצע, פולע, גרויסע גליק געפיהלט? ווי קענען מענשען, וועלכע פיהלען גאר נישט, פארט פיהלען? — ווי די מעשה איז, איך האב דא נור געוואלט דעם פאקט אוועקשטעלען, נישט מעהר. קלאר איז, דאס די פרוי פון פריהער האט איהר מאן נישט תופס געווען אלס עטוואס וועלכעס געהערט צו איהר, נאר אלס עטוואס צו וועלכען זי געהערט; זי האט איהם תופס געווען אלס מאן סתם, אלס זווג, אלס גאט'ס זאך, אלס בעשערטען, אלס זאך איבער וועלכע מען האט קיין דעה נישט און וועלכע מען מוז איבער זיך מקבל זיין, ווי מען איז מקבל יעדע זאך וועלכע קומט פון אויבען. חתונה-האבען איז געווען א דבר שבקדושה, א מצוה, א זאך פון גאט.

עס איז נישט געווען א מין שפיעלען אויף געווינען אלעס אדער פערליערען אלעס, עס איז נישט געווען קיין אויסגערעכענטער חשבון, עס איז נישט געווען קיין פראבע-מאכען וועלכעס ענדיגט זיך געוועהנטליך שלעכט. נור א הייליגע מצוה איז עס געווען וועלכע מען מוז מקיים זיין מיט הכנעה, מיט גאטספארכטיגקייט. גאנץ בעזונדערס ווייזט זיך דער חילוק ארויס אין דעם ווי מען האט פערצייטענס געקוקט אויף לעבען פון מאן און ווייב, אויף מעוברת-זיין, אויף קינדער-האבען, און ווי א היינטיגע פרוי קוקט דארויף. מען האט פערצייטענס נישט געוואוסט ביי אלע יענע זאכען פון ברוגז-ווערען, פון אראבלאזען די נאז און פון מאכען-זיך קלאמפערשט בעז אויף דעם „אומגליק“ וועלכעס איז צוגעקומען. מען האט אין אלע יענע זאכען נור מצות מקיים געווען, און אלעס מיט א מין שטאלץ, מיט א מין הכנעה און מיט א מין הייליגען רעשפעקט. מען האט דאס אלעס גערופען „די פליכט פון דער פרוי“. — אזוי איז געווען גאר דער אלטער דור.

אנדערש אביסעל איז עס שוין געווען א דור שפעטער. דער דור פון אונזערע מוטערס. — אמת, ברוגז'ליך, אדער בעז, גאר איינגאנצען ווידערשפענסטיג זענען אונזערע מוטערס חלילה נישט געווען; אבער געפיהלט האבען זיי פארט שוין, אז דער גאנצער צושטאנד ביי יענע „פליכטען“, וועלכע די פרוי האט, איז א רעכט ביסעל נישט אנגענעהם. זויערע פנימער און פרעטענזיעס האבען זיי שוין געהאט און פלעגען זיך שוין און די מענער פייניגען, און האבען צו די מענער תביעות און טענות בשעת מעוברת-זיין. אזוי האט זיך ענטוויקעלט ביי זיי דאס געפיהל פון א מין גליקליך-מאכען. די פרוי מאכט גליקליך דעם מאן טאג און נאכט, אז זי טהוט איהרע פליכטען, און פערלאנגט פון איהם

מיט די זייטען. פון דער קעלני איז אראפגעשפרונגען נחמיה בעל-עגלה, א יוד מיט א פערשמאלציוועטער פארוסינענער נאקידקע אונטערגעבונדען מיט א שטריקעל, א ברייטען פליסענעם אפגעבארעטען קאשקעט, מיט גרויסע גוט אנגעשמירטע שטיוועל. דאס פנים איז איהם געווען פערברענט און פערפאראשעט מיט שטויב. דאס מויל האט ער פאר גרויס היטץ געהאלטען אפען, אזוי אז ער האט אויסגעזעהען ווי א קוימענקעהרער, בשעת ער שמייכעלט.

— פאראן ביי אייך, רב אלי, א ליידיגער נומער? — האט ער זיך אנגערופען צום בעל-הבית.

— וואס דען? ס'איז ניטא? — האט איהם רב אלי געענטפערט און געכאפט א קוק אין בויד אריין, געוואלט שוין גיכער זעהען די פארשוינדליך וואס נחמיה האט איהם געבראכט צופיהרען. נאר לאנג קוקען האט ער נישט בעדארפט, ווארום עס האבען זיך גיך בעוויזען פון דארטען צוויי יונגע נפשות, איין „ער“ מיט „א זיא“. ער — א הויכער א שענער יונג מיט א ווייס ליכטיג פנים, בעברעמט מיט ווייסע זיידענע הערליך, מיט שענע גוטע בלויע אויגען, אנגעטהון אין א לאנגען ציגארקא לירענעם איבערראק און מיט א געלען רייזעטאש איבער די פלייצים, און זי — א קליינטשקע א שווארצחענ'ווערינע, מיט גרויסע שווארצע ברענענדיגע אויגען מיט שווארצע געגרייזעלטע האר, מיט א לאנגע בלויע נאקידקע ביז דער ערד, מען האט קוים קוים ארויסגעזעהען די שפיצען פון איהרע קליינע קינדערשע פיסליך. ארויסגעקראכען פון דער בויד, האבען זיי זיך אפגעטרייסעלט פונ'ם פאראך. בשעת מעשה א קוק געטהון איינס דאס אנדערע אין די אויגען אריין און צעלאכט זיך מיט אזא צופריעדען גליקליך געלעכטעריל, גלייך ווי זיי וואלטען

געווען דאס גליקליכסטע פאר אין דער וועלט, וואס האבען פאר גרויס ראסקאש געמאכט א לוסטרייזע א ווייטע נסיעה און גאט האט זיי געהאלפען — זיי זענען געקומען צופאהרען בשלום אויפ'ן ארט.

— ווער איז דאס פאריל? — האט רב אלי בארד זיך נישט געקאנט איינהאלטען און האט א פרעג געטהון ביי'ם בעל-עגלה שטילערהייד.

— איך ווייס? פרעגט מיך עפיס גרינגערס! — האט נחמיה געענטפערט הויך אויף א קול — דאס איז אדער חתן-כלה, אדער מאן און ווייב אדער שוועסטער און ברודער.

— ששששא, שרייט ניט, וואס שרייט איהר אזוי? — מאכט צו איהם דער בעל-אכסניה ווידער שטילערהייד — פון וואנען זענען זיי?

— איך ווייס פון וואנען? פון אלדע שווארצע יאהר! — ענטפערט איהם דער בעל-עגלה ווידער הויך אויף א קול — דאכט זיך אז פון קעשעניוו. א יא איהר זענט פון קעשעניוו?

— פון קעשעניוו? — מאכט צו זיי דער בעל-אכסניה — ווער זענט איהר פון קעשעניוו?

דאס פאריל האבען זיך איבערגעקוקט איינס אויף דאס אנדערע און ווידער א מאל צעלאכט.

— וואס איז אייער באבעס דאגה? — האט זיך איינגעשטעלט פאר זיי נחמיה דער בעל-עגלה — וואס בעדארפט איהר זיך אזוי דעביווען ווער זיי זענען? איהר גיט זיי בעסער א נומער וועט מען אייך בעצאהלען. דאס זענען א זעלכע פארשוינדליך, וואס איהר מעגט זיך ווינשען האבען אפט אזעלכע.

— מהיכתיתי, קומט, איך וועל אייך ווייזען — מאכט דער בעל

א בעזונדערען דרך־ארץ דערפאר, וואס זי איז געביך, א כפרה־הינדעל. באמת, זאגט זי, איז זי אייגענטליך זיך נאר מקריב איהם צו ליעב, און נאר איהר פיינקייט איז עס צו פערדאנקען, וואס זי האט נישט דערפאר קיין בעזונדערע פרעטענזיעס. דאס ליעבלינגסוואָרט פון יענע פרויען איז: זיך מקריב זיין. זיי זענען זיך מקריב פאר'ן מאן, זיי זענען זיך מקריב פאר די קינדער, זיי זענען זיך מקריב פאר'ן הויז, זיי זענען זיך מקריב פאר דעם שטאנד וועלכען זייער פאמיליע זאל האבען אין דער געזעלשאפט; זייער גאנץ לעבען איז איין איינציגער גרויסער קרבן.

אוי, ווי קענען זיי זיך אייגעם דערעסען פאר זייער אייביגען זיך־מקריב־זיין! איך קען אזויגע וועלכע עסען זיעבען בעפשטעקס א טאג, און פארט זענען זיי זיך רק מקריב און האבען אלץ קיין אפעטיט נישט; איך קען אזויגע וועלכע שלאפען צוועלף שעה א מעת־לעת, און פארט זענען זיי זיך רק מקריב און קענען אלץ נישט קיין אויג צומאכען; איך קען אזעלכע וועלכע זענען שטארק ווי די סאסנעס און געזונד ווי גבורים און רויט ווי בוראקעס, און זענען פארט זיך רק מקריב דעם גאנצען טאג און האבען אלץ קיין כח נישט; איך קען אזויגע וועלכע האלטען זיך אכט און אכציג משרתים און שטעקען קיין האנד נישט אריין אין קאלטען וואסער און פארט זענען זיי זיך רק מקריב פאר זייער הויז און פאר דיווירטשאפט; איך קען אזויגע וועלכע קוקען דעם גאנצען טאג זייער קינד נישט אן און האלטען צו איהם ניאנקעס און באנעס און גובערנאנטקעס, און פארט זענען זיי זיך מקריב תמיד און לעבען רק נור פאר דעם קינד; און אזויגע קען איך וועלכע געהנעצען דעם גאנצען טאג פאר ליידיג־געהן און שפיעלען קארטען האלבע נעכט און פוטצען זיך ווי די קאטשקעס, און האלטען פארט אין איין זיך־מקריב־זיין פאר מאן און קינד און הויז, און האלטען אלץ נאר אין איין לעבען פאר דעם מאן און פאר'ן קינד. פון די וועלכע „זענען זיך מקריב" פאר'ן כלל, וויל איך גאר נישט רעדען. בקיצור, מען האלט אין איין זיך־מקריב־זיין. מען איז זיך מקריב צוליעב די „פליכטען", וועלכע מען האט. איך האב געהאט א רבי'ן, וועלכער האט נישט געקענט ליידען א היהן, א קוואקע, דערפאר, ווייל ווען זי לעגט איין איי וועלכעס איז ווערט אפילו אין א יקרות־יאהר נישט מעהר ווי דריי פוילישע גראשען, פערקוואקעט זי אייגעם דאמיט דעם קאפ זיעבען שעה לאנג. אוי, דאס גליקליך־מאכען! אוי, דאס גליקליך־מאכען! איך רעד שוין גאר נישט פון יענע, וועלכע, ווייל זיי זענען אנשטענדיג און האלטען זייער טרייקייט צום מאן אזוי ריין ווי זייער געפעס אין דער קיך, פערלאנגען זיי אויך דערפאר א קניפ אין בעקעל...

און אז יענע פרויען ווערען אלט, דא מאכען זיי א גאנצען טאראראם פון זייערע קראנקהייטען און פון זייערע ליידען, וועלכע זענען אויף זיי געביך געקומען נור צוליעב זייער זיך־מקריב־זיין; א מערקווירדיגען סימן געפינען מיר ביי יענע פרויען, אז וואס מעהר עלטער און וואס מעהר מיאוסער זיי ווערען, ווערען זיי אלץ מעהר תקיף'ער ביי זיך און דערדריקען דעם מאן שוין גאר אינגאנצען אונטער זייער יאך. על פי רוב ווערען זיי עלטער פון די מענער און איבערלעבען זיי, און איבערנעהמען דאן די ממשלה איבער זייערע זיהן און זייערע טעכטער און שטערען די דערוואכסענע קינדער זעהר אפט זייער שלום־בית. שטארבען זיי אבער פריהער פאר'ן מאן דורך א ראק אדער א צוקער־קראנקהייט אדער א וואסער־קראנקהייט, וכדומה אזעלכע קראנקהייטען וועלכע קומען פון זיך־מקריב־זיין, דא טרויערט דער אלמן נאך אזא געשטארבענער זיין גאנץ ביסעל איבריג לעבען, זי פעהלט

---

אכסניה און פיהרט זיי בעווייזען א נומער, נאר געהענדיג ווארפט ער אויף זיי איין אויג מן הצד—פערשטעהט איהר מיך, איך האב א מחותן אין קעשעניוו האב איך מיין שנור איז א קעשעניווערין פון קעשעניוו, דערפאר פרעג איך.

רב אלי בארד האט געפיהרט זיינע פארשווינדליך דורכן הויף, וואו עס געפינען זיך די בעל־עגלה'שע פערד מיט דער קיה מיט'ן קעלבעל מיט דער מיסטגרוב מיט אלע איבעריגע זאכען, ס'איז דארטען זומער און ווינטער א רחה מיט סכנות נפשות. נאכדעם האט ער זיי געפיהרט פערביי דער קעך, וואו עס זענען געלעגען נאר וואס אויסגעמאכטע עופות, די קעפליך פערווארפען אריינטער, די פיסליך ארויף, די בייכלעך אויפגעשניטען, און א יודינע מיט א פנים ווי אויף צו להכעיס און מיט א קול פונ'ם אשמדאי האט זיי בעגעגענט מיט א שענעם ברוך הבא — א פולע פאמיניצע ווי איין אויג מיט קישקעליך, שיער ניט אפגעגאסען זיי פון קאפ ביז פיס: „דער רוח טראגט זיי!" האט זי אזאג געטהון, און ערשט נאכדעם האט ער זיי אריינגעפיהרט גלייך אין זאל אריין. די „זאל" איז געוועזן זעהר א שיינע זאאל מיט געצאצקעטע ווענט אינטערגעפיהרט מיט געלע און מיט גרינע פאסען און בעהאנגען מיט אויסגעצייכענטע בילדער: „נאפאליאן מיט א ביקס", „יולי פאסטאראנע" — א פריצטע מיט א בארד, די „מערת המכפלה", וואס זעהט אויס ווי איין אויוועז, „משה מאנטיפיור" מיט איין אנגעדראלענער ליפ פון פליגען, א יעגער מיט ווילדע חיות, די ווילדע חיות האלטען אפען די מיילער, זיי ווילען איהם דורס זיין און ער, דער יעגער, שטעהט ווי א ליימענער גולם, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען... ביי די פענסטער שטעהען טעפ מיט משונה מאדנע וואזאנעס, וואס מע זעהט ניט אזעלכע אין ערגיץ. אויפ'ן טיש שטעהט א לאמפ אויף איין אויסגעארבייט טעציל פון בליטשעקע אלערליי מיתה משונה קאלירען און אויפ'ן גלעזיל היינגט א יארמעלקעלע אויך פון בליטשעקע; אויף וואס בעדארף א לאמפ א יארמעלקע? — דאס ווייסט מען נאר אין יאמפעלי... איך האב שיער פערגעסען רעכענען א שפיגעל, וואס אז מען טהוט אין איהם א קוק מעג זיין ווי ביטער אויפ'ן הארצען מוז מען זיך צעלאכען... אונזער פארפאלק, אז זיי האבען זיך אנגעקוקט אין שפיגעל, האבען זיך נישט געלאזט לאנג בעטען און האבען זיך טאקי באלד צעלאכט, נאר אזוי צעלאכט, אז עס האט דעם בעל־הבית גוט פערדראסען.

— וואס לאכט איהר אזוי? — מאכט צו זיי רב אלי מיט די ברייטע ווייסע ארבעל — עס געפעלט אייך אפשר ניט מיין זאל?

— ניין, פאר וואס? ארדרבה! — מאכען זיי צו איהם און הערען נישט אויף צו לאכען — עס געפעלט אונז זעהר.

— וואס זשע איז דער געלעכטער? — פרעגט זיי דער בעל הבית..

— סע שטופט זיי הנאה! — רופט זיך אן נחמיה בעל עגלה און טראגט אריין דעם טשעמאדאן. — וויפיל וועט איהר זיך הייסען געבען פאר אזא נומער?

— עט, איך וועל ביי זיי טהייער ניט נעמען — מאכט דער בעל הבית — איהר ווילט דאך מסתמא א סאמאוואר און עפיס עסין?

— וואס דענן? זיי וועלען יוצא זיין מיט אייך? — ענטפערט פאר זיי נחמיה. — קומט וועט איהר מיר ראשית חכמה געבין א ביסעל בראנפען.

נחמיה נעמט דעם בעל הבית פאר'ן ארבעל און פיהרט איהם ארויס און דאס פאריל בלייבט אליין.

(פארטזעטצונג קומט).

איהם שטארק און ער ריהמט זי אייביג, און די זיהן לויבען זי און האלטען זי אלס מוסטער פאר זייערע אייגענע ווייבער.

גאר אנדערש אין גאנצען זענען די פרויען פון דעם היינטיגען דור, פון אונזער דור אליין; מיר וועלען פרובען אין דעם נאהענטסטען ארטיקעל א כאראקטעריסטיקא פון זיי צו געבען.

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(א גוטער מנהג). אין סאראטאוו (רוסלאנד) האבען 61 שילערינען פון גימנאזיום, ביים ענדיגען צוזאמענגעקליבען איין ערך פון 2,000 רובל (נדבות פון 10 קאפ. ביז 200 רובל). פון דעם פראצענט פון דעם געלד, וועט מען אויסהאלטען יעדעס יאהר איין ארימע שילערין מיט אלע שול-קאסטען און לעבענסמיטעל.

(פרויען-בילדונג). די הילפס-חברה פאר לעהרערינען אין חארקאוו ארבייטעט יעצט צו בעקומען איין ערלויבניס, איינצופיהרען וויסענשאפטליכע קורסען פאר פרויען.

(די פרויען אין יאפאניען). דאס יאפאנישע לאנד, וואס האט זיך די לעצטע יאהרען שטארק גענומען צו בילדונג און שטעהט אין פיעל זאכען נישט נידריגער פון איירופא, פערגלייכט זיך אויך צו איירופא אין דער פרויען-בעוועגונג, און די יאפאנישע פרויען האבען שוין א סך געארבייט, כדי צו פערבעסערען זייער לאגע. עס זענען דא אין יאפאניען זעהר פיעל פרויען-פעראיינען, וועלכע האבען זיך זייער אייגענע קלובען. דער גרעסטער און וויכטיגסטער פעראיין איז די חברה צו פערשפרייטען בילדונג צווישען די יאפאנישע פרויען, זי איז געגרינדעט געווארען מיט א יאהר זעכס צוריק און האט שוין 10,000 מיטגליעדער.

(פאר ארימע מוטערס). אין פעטערסבורג האט זיך געבילדעט א חברה, וואס איהר צוועק איז צו העלפען ארימע מוטערס, דער עיקר פאר אזויגע מוטערס, וואס ארבייטען אין די פאבריקען און דארפען זויגען זייערע קינדער. דאס רוב חברים זענען דאקטוירים און אנדערע געבילדעטע מענשען.

(געגען שענדליכען האנדעל). צווישען די געזעטצע, וואס די אמעריקאנישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען געגען די אויסוואנדערונג, געפינט זיך אויך א פונקט, אז מען זאל נישט אריינלאזען אין אמעריקא קיין מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט דעם שענדליכען האנדעל און אויך נישט קיין פרויען, וואס לאזען זיך פערהאנדלען.

(א שענע רעדע). פרוי ד״ר מאריא מאנטעסארי האט פאריגען מאנאט געהאלטען אין ראם זעהר א שענע און א אינטערעסאנטע רעדע פאר א גרויסען עולם וועגען דער פרויען-בעוועגונג.

(אקושערקעס). אין רוסלאנד לאזט מען איצטער צו צום אקושערין-עקזאמען אפילו פרויען וואס האבען געלערענט זייער פאך נישט אין א שולע, נאר צו הויז, אונטער דער השגחה פון א דאקטאר-אקושער. די פרויען, וואס ווילען זיך עקזאמינירען, מוזען זיין נישט עלטער ווי פערציג יאהר.

(די פרויען-פראגע אין בעלגיען). די פיהרער פון א בעלגישער פארטיי האבען פארגעלעגט א פראיעקט, אז מען זאל פרויען אויך געבען דאס רעכט אויסצוקלויבען דעפוטירטע צום פארלאמענט.

(אויסטראלישע פרויען). אין דער שטאדט מעלבורנע (אויסטראליען) שטודירען ביז 200 פרויען אין פערשיעדענע פאכען און האבען גלייכע רעכטען ווי די מענער.

## II.

## יודישע נייעס.

(א פריוט פאר יודישע קינדבעטארענס). דער פרויען-פעראיין אין יעקאטערינאסלאוו (רוסלאנד), וועלכער זאמעלט געלד צו גרינדען א פריוט פאר ארימע יודישע קינדבעטארענס, האט שוין צוזאמענגעקליבען זיעבען טויזענד רובל, און נישט לאנג האט דער פעראיין בעקומען איין ערלויבניס פון דער רעגירונג צו בויען דעם פריוט. די שטאדט-פערוואלטונג האט דערצו געשענקט א פלאץ און דער דאזיגער פריוט בויט זיך שוין.

(צום יודענטהום). קלאר מאנטיפיורי (א קרוב פון דעם בעריהמטען יודישען פילאנטראפ משה מאנטיפיורי) וועט די צייטען חתונה האבען מיט איין ענגלישע פרוי, וואס איז אמאל געווען א דירעקטארען פון א שולע אין קעמברידזש. פאר דער חתונה וועט זיך די כלה מגייר זיין.

# א מאמע.

(א בילד).

פייער עקענדיג איז דער מארק, ארום גערינגעלט פון אלע פיער זייטען מיט נידריגע, קליינע אבגעוויסטע הייזליך, פון דעם איינשטאקענדיגען הויז, וואס שטעהט קעגען דעם ברונען, דארט וואו דער בעקער וואהנט געהט פון דעם קוימען א געדיכטער רויך ארויס און צו לעגט זיך געדיכט איבער דעם מארק, אונטער דעם רויך פליהען ווייסע טויבען אהין און צוריק, לויט דאס פייפען און די בעוועגונג פון דעם בארפוס-דיגען יונגיל וואס שטעהט ביי דעם איינשטאקענדיגען הויז.

קעגען איבער דעם ברונען שטעהען „שטעלען" טהירען אויף געלייגט אויף צוויי שטוהלען. אויף די טהירען ליעגען פערשיעדענע פרוכטען און גרינס. און ווייבער מיט אבגעברענטע מיהדע-פנימ'ער ארום געוויקעלט מיט טיכלעך, אין די גרעסטע היטצען שטעהען פאר די „שטעלען" און קריעגען זיך.

— אוודאי, עס לוינט זיך מיר באלד מיט אזא שנארערען צו קריעגען, פערמאגסט אפילו ניט מיין מיסט דו שלעפערקע.

יענטה, א יודענע פון א יאהר איינגע פערציג — וואס פון איהרע ברייטע ליפען האבען זיך די ווערטער געלאזט הערען, טראגט א ברייטען שמוטציגען פארטוך, און איהר דיק אבגעברענט-פנים וואס קוקט רוהיג ארויס פון אונטער דעם טיכעל, האט מסכים געוועזען אויף איהרע ווערטער.

— וואס מיינסט דו, האסט שוין גאט פאר'ן בארד געכאפט? ער געהער מיר אזוי גוט ווי דיר אן — האט איהר טויבע אבגעענטפערט אראב לאזענדיג דאס טיכעל איבער די האלבע אויהרען און מיט כעס זיך די האר ארונטער געשארט.

א קונה'טע איז דער ווייל צוגעקומען צו יענטה'ס „שטעל", און טויבע, וואס איז ליידיג געשטאנען, האט דער ווייל זי אנגעשאלטען מיט טויטע קללות.

— וואס טויג מיר דיין געלד, פריצטע, וועסט שטארבען און אפילו א הונט וועט נאך דיר קיין קדיש נישט זאגען... האט טויבע געשריגען.

טויבע, האט איהר שכנ'טע געוואלט געבען אנצוהערען פון איהר

זוהן יצחק'ל, נאר זי האט זיך דערמאנט, אז עס פאסט נישט זיך אליין צו ריהמען, אונ איז אין מיטען רעדען שטיל געווארען.

יענטה, אנמעסטענדיג די קונה'טע א קווארט בארען, האט איהר אבגעענטפערט:

— אודאי, ווען דו וואלסט א שטיקעל לייט געוועז, וואלט דאך דיין מאן איבער דיר נישט געשטארבען, אונ דיין קינד וואלט זיך דאך מיט דיר נישט געשעמט, ער שעמט זיך דאך מיט דיר.

טויבה איז געווארען אין כעס אונ ארויס מיט א קול:

— חצופה, מיין קינד שעמט זיך מיט מיר! א כפרה מעגסט דו זיין פאר זיין מינדסטען נאגעל, ביזט אפילו נישט ווערט מיין קינדס נאמען צו דער מאנען.

זי האט געוואלט ארויס מיט א געוויין וואס מען זאגט „אז איבער איהר, איז איהר מאן געשטארבען, אונ איהר קינד, איהר יצחק'ל שעמט זיך מיט איהר", נאר נישט צו דערפרעהען יענטה'ן מיט איהרע טרעהר'ן האט זי זיך מיט אלע קרעפטען איינגעהאלטען נישט צו וויינען.

די זון האט זיך וואס אמאל מעהר ארונטער געלאזט אונטער יענ־זייט שטעדטיל. יודען האבען זיך געאיילט איבער דעם מארק אונ אלע זענען אוועק אין דעם בית־המדרש־געסעל מנחה דאווענען. ביי דעם ברונען אין מיטען מארק האבען זיך אנגעהויבען צוזאמען קלייבען חדר־יונגליך וואס זענען ערשט פריי פון דעם חדר געגאנגען.

טויבה האט צוזאמען גענומען איהרע פאר קוישלעך אויף די הענד (די סחיר מיט די שטוהלען האט זי אין מארק געלאזט: עס וועט קיינער נישט גנב'ענען), אונ איבער לאזענדיג די גראבע יענטה אפאר קללות איז זי שטיל פון דעם מארק אוועק.

געהענדיג אויף דעם וועג אהיים, טראגענדיג די קוישלעך אראב־בויגענדיג דעם קאפ צו דער ערד, האט זי געקלערט וועגען איהר יצחק'ל. יענטה'ס שטעכעדיגע ווערטער קען איהר פון זינען נישט ארויס, מילא דאס וואס זי זאגט: איבער איהר איז דער מאן געשטארבען, ארט איהר נישט, אלע ווייסען וואס זי האט זיך אנגעארבעט ביי איהר מאנס קרענק, נאר וואס איהר יצחק'ל שעמט זיך מיט איהר, דאס קרענקט איהר ביז אין „ריפ", אז ער קומט אהיים אויף דער נאכט נעכטיגען, וויל ער ביי איהר קיין זאך נישט פערזוכען...

אין מיטען האט זי אויפגעהערט צו קלערען, נאר געהענדיג אזוי פאר זיך האט זי אנגעהויבען שעלטען יענטה'ן.

— נישט דער לעבען זאל זי דאס, רבונו של עולם! האט זי אליין צו זיך גערעדט.

עפיס האט זיך איהר געדאכט, אז דאס וואס זי מיינט, אז יצחק'ל שעמט זיך מיט איהר האט זי קיינעם נישט צו פערדאנקען נור יענטה'ן. אליין האט זי דאס אנגעמאכט.

— מיין קינד, מיין יצחק'ל, וואס פאר א געשעפטען האט איהר צו איהם? אונ קלערענדיג דאס, איז זי ארויס מיט א קול:

— רבונו של עולם, דו זאלסט דיך אנעמען מיין קריוודע, ביזט דאך א טאטע פאר יתומים, דו זאלסט עס איהר נישט שווייגען.

— וועמען דאס? וועמען שעלט איהר אזוי, טויבה? — האט זיך אנגערופען צו איהר נחה די נגידה'סטע, וואס איז געשטאנען אין סחיר פון איהר שניטקראם הערענדיג ווי טויבה געהט אליין אונ שעלט אזוי צו זיך אליין.

— וועמען דען בעל־בית'טשע? די חצופה, די ימח־שמה'ניצע, האט זי אויסגערופען ווייזענדיג מיט דעם פינגער אין מארק אריין, אונ נישט אפילו דעם קאפ אויפהעבענדיג צו זעהען ווער עס רעדט צו איהר, איז זי זיך געגאנגען ווייטער.

נחה די נגידה'סטע האט הויך זיך צו לאכט.

טויבה ווייטער געהענדיג, האט זיך דערמאנט, אז היינט אין דער פריה, ווען זי איז צו נחה'ן מיט א היהן אין קיך אריין האט זי פון דער צווייטער שטוב געהערט יצחק'לס קול ווי ער שפארט זיך מיט נחה'ס בחורים'לעך, זי האט געוואוסט, אז מיטוואך עסט איהר יצחק'ל ביי נחה'ן, אונ טאקי מיט א כיון אהין צו געגאנגען מיט דער היהן כדי איהר יצחק'ל זאל א גוטע יויך האבען, ער איז דאך, נעביך, אזוי שוואך.

אונ הערענדיג פון דער צווייטער שטוב איהר זוהנ'ס קול, האט זי טאקי די קיך געוואלט פערלאזען, נאר דאך איז זי נישט אוועק, איהר יצחק'ל שפארט זיך מיט נחה'ס קינדער אין לערנען, זיי קענען עפיס דען? זיי קומען עפיס צו זיין פאדעשווע? „ער וועט זיך פערשעמען" האט זי זיך געשראקען, ווען ער וועט מיך דא טרעפען מיט דער היהן אין דער האנד האט זי זיך געטראכט, „זיין מאמע איז א מארק יודענע, א שענער יחוס"... אונ דאך האט זי די קיך נישט פערלאזט. „א קינד נישט קיין גראשען אבגעקאסט, אונ וויפיעל קאסטען נחה'ס קינדער אב? וואלט זי היינט געהאט דאס געלד וואס איהר יצחק'ל האט גע־דארפט אב קאסטען, וואלט זי דאך א נגידה'סטע געוועז"... אונ איז געשטאנען אונ האט זיך צו געהארכט צו זיין קול.

— „אוי! ער האט געדארפט לעבען — אונ זעהן יצחק'לען, ער וואלט דאך באלד געזונד געווארען" — אין דעם האט זיך די סחיר געעפענט, עס האבען זיך בעוויזען נחה'ס בחורים'לעך, אין דער מיט איהר יצחק'ל, די בעקלעך האבען איהם געפלאמט.

— גוט מארגען, האט ער שוואך ארויס גערעדט אונ באלד דורך די סחיר ארויס, זי האט געוואוסט, זי האט איהם עגמת־נפש אנגעטהון, ער איז פערשעמט געווארען פאר איהר, פאר נחה'ס בחורים'לעך.

אונ זי פיהלט אין הארץ: איהר קינד, איהר יצחק'ל, איהר מילך געזויגען. וואס פאר א געשעפטען האט נחה צו איהם, אונ אויסגיעסענ־דיג איהר ביטער הארץ, אויף יענטה'ס קאפ, אויך פאר דאס וואס איהר זוהן האט גאר נישט אבגעקאסט אונ קען בעסער פאר נחה'ס בחורים'לעך האט זי הויך מיט א קול געשאלטען:

— רבונו של עולם! דו זאלסט דיך מיין קריוודע אננעמען, דו זאלסט איהר דער פאר בעצאהלען, זי זאל די היינטיגע נאכט נישט איבער לעבען.

די פערביי געהער זעהענדיג ווי א יודענע געהט אליין אונ שעלט זיך, האבען געלאכט.

די נאכט האט זיך אנגערוקט, אונ פינסטער איז אין שטעדטעל געווארען.

טויבה איז מיט די קוישלעך אהיים געגאנגען, האט זיי ארויפ־געשלעפט אויף די טרעפ פון איהר הויז אונ געעפענט די סחיר.

— די מאמע, די מאמע, זענען איהר קולות א קעגען געקומען.

די שטוב איז געווען רויהיג, אין מיטען דער שטוב האבען זיך די קינדער ארום געשטעלט נעבען טויבע'ן, אונ ניט אויפגעהערט צו שרייען „מאמע", איין קינדס קול איז געווען א וויינענדיגער: „וואו ביזט דו דאס געווען א גאנצען טאג ?" א צווייטענס־קול איז געווען א פרעה־ליכער: „ווי גוט איז, אז דו ביזט געקומען", אונ די אלע קולות האבען זיך אין איינעם אויסגעמישט.

— שווייגט! לאזט מיך חאטש דעם אטעם חאפען, שרייט די יודענע א ניעדערשטעלענדיג די קוישלעך.

(פארטזעטצונג קומט).

שלום אש.

---

# קינדערשע עקשנות.

פון ד"ר ח. ד. הורוויץ.

(ענדע).

וואס איז נעבעך דאס קינד שולדיג אז ער איז מעהר מענש פאר אונז ? פאר וואס ווילען מיר מיט געוואלד אונטערדריקען זיינע ריכטיגע פראגען, זיין ליעבע צו דעם אמת ?

אונ פאר אונזער אונרעכט צאהלט ער אונז מיט אונרעכט, מיט ווילדע, שטומע, משונה־דיגע עקשנות ..

טהיילמאלס אבער געהן מיר נאך ווייטער: מיר אליין מאכען דאס קינד פאר א גרויסען עקשן...

די ליבע פון א מוטער איז זעהר א גוטע זאך, זי מאכט די מוטער אזוי נאהענט צום קינד, זי גיט דער מוטער די מעגליכקייט אזוי גוט צו פערשטעהן איהר יונגעס קינד אונ איהם צו העלפען ביסלעך ווייז אויס צו בילדען אלע זיינע קרעפטע. אבער די ליבע האט אויך איהרע גרויסע חסרונות. זעהר אפט איז די מוטער צו גוט צום קינד, זי גיט איהם צו פיעל נאך, זי רופט אליין ארויס ביי איהם אזויגע ווינשע וואס ער האט גאר ניט אין זינען — אונ מאכט דאס קינד פאר איין ביטערען עקשן... עס טרעפט אפט, אז א קינד בעט וואס ניט איז, אונ גיט נאך דער ביי אוויין... צום גליק געדויערען די קינדער־שע ווינשע ניט לאנג, אט ווילט זיך איהם איין זאך, אונ אין איין מינוט ארום, ווילט זיך שוין עטוואס אנדערעס, לאזט דאס קינד א ביסעל וויינען, אונ ער פארגעסט באלד, פאר וואס ער וויינט, אונ געפינט זיך אליין א טרייסט אונ איין בערוהיגונג. אבער די גוטע מו־טער שלאפט ניט, זי הערט דאס קינד וויינען, אונ באלד איז זי דא מיט איהרע זארגען... „וואס ווילסטו, מיין קינדעלע"! בעט זי זיך ביי איהם רחמים, זי גיט איהם דאס אונ יענעס, שענקט איהם „צאצקעס" אונ שפיעלכלעך גיט איהם אפט פערשיעדענע עסען־ווארג אונ צו רייצט דאס קינד נאך מעהר... דאס קינד וויל גאר עטוואס אנדערעס, די מוטער טענה'ט מיט איהם, אז דאס איז ניטא, אז דאס קען מען ניט פערשאפען, קורץ, זי וויל ווירקען אויף דעם קינדערשען פערשטאנד, אונ גיט אויף דאס הארץ... דורך איהרע רעד, דורך דעם וואס זי דערמאנט דעם קינד, אז דאס וואס ער וויל איז ניטא, דורך דעם אליין מאכט זי אין איהם שטארקער זיין ווינש, די קינדערשע פאנטאזיע זעהט דאס, וואס עס בעט, אונ פארשטעהט בשום אופן ניט, פאר וואס דאס קינד עקשנט זיך שעות לאנג...

נאך מעהר: עס טרעפט אפט, אז דאס קינד הייבט אן פאר געסען וואס ער האט געבעטען, ער האט זיך שוין בערוהיגט, אין זיין דירעוו־דיגער זעלע זיינען שוין געקומען — אנדערע געדאנקען, אנדערע ווינשע — די גוטע מוטער איז אבער געלאפען קריגען דער וועל דאס, וואס דאס קינד בעט, אונ אז זי קומט צוריק מיט דער געווינשטער זאך אין האנד — וויל שוין דאס קינד עטוואס אנדערס, אונ עס ווערט ווייטער קולות אונ געוואלדען: דאס קינד ווערט איין עקשן, אונ די מוטער ווייס שוין באמת ניט, וואס ער וויל....

אפט קומט נאך ערגערעס פאר. דאס קינד שפילט זיך פאר זיך רוהיג אונ שיין, אין מיטין ויאמר מישט זיך אריין די גוטע מוטער, „משה'לע, אדער חוה'לע — אדער ווי דאס קינד הויסט דארטען—ווילסטו אפשר א קאנפעקטיל ? א צוקערקעלע ? ווילסטו דאס אדער יענץ ?" דאס קינד וויל אלע מאל פאר וואס ניט ? אונ אזוי בילדעט מען אויס אין דעם קינדערשען הערצעל אזויגע ווינשע, וואס עס וואלט ניט האבען — מען גיט איהם צו פיעל נאך, אונ צום סוף — מוז דאס קינד ווערען א קאפריזנער, איין עקשן...

מישט זיך, עלטערין, וואס ווייניגער אין קינדערשען לעבען, לאזט זיי זייער פרייהייט, זייער רוהע — פערגינט זיי זייער שפיעלען, זייט צו זיי גערעכט אונ פריינדליך. פארענטפערט זייערע פראגען—אונ אייערע קינדער וועלען אסך ווייניגער זיך עקשענען, אונ איהר וועט פון זיי אסך ווייניגער צרות האבען...

עס געפינט זיך אבער קינדער, וואס אין זייער עקשנות זענען די עלטערין גאר ניט שולדיג, ווייל די עקשנות קומט פון שוואכקייט אדער קרייגקהייט, א קינד ווערט אמאל געבארען א שוואכעס אונ א נערוועזעס — אונ מוז קאפריזען האבען, אזויגע נערוועזע קינדער געפינען מיר אפט ביי יודען.

דאס גלות־לעבען פון טויזענדטער יאהר, די שווערע זארגען פון דעם יודישען לעבען, די אונגעזונדע לופט פון דער איינגער שטאדט, וואו עס לעבען דער גרעסטער טהייל יודען, דער חדר אין וועלכען דאס יודישע קינד האט פערבראכט זיינע בעסטע קינדערשע יאהרען, די שווערע „למודים" וואס מען האט געלערנט מיט א יודישע קינד אין אזא צייט, אז זיין מוח'ל איז נאך צו שוואך, צו יונג געווע־זען — דאס אלעס האט אפגעשוואכט דעם יודישען קערפער צו פיעל געשארפט דעם יודישען מוח — געמאכט דאס יודיש קינד פאר נערוועז, קראנקהאפט... דער פאר איז דאס יודיש קינד אפט אסך מעהר עקשן ווי אנדערע קינדער... די בעסטע מיטעל צו מאכען דאס יודיש קינד רוהיגער, איז דער פאר טאקי — נור דאס קינד געזונד צו מאכען. מען מוז זעהן אז דאס יודישע קינד זאל האבען פרישע אונ פרייע לופט, מען מוז שטארקען זיין קערפער, אפהיטען זיין קאפ פון צו פריהענדיגע ארבייט, דאן ווערט עס ממילא ווייניגער עקשן זיין אונ מעהר רוהע געבען זיינע עלטערען...

## פאַר די מוטערס.

### ווי אַזוי אָבצוהיטען קינדער פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

די שרעקליכסטע קראַנקהייט ביי קינדער איז שאַרלאַך. די קראַנקהייט לייגען אמערהסטען קינדער ביז 10 יאהר. דאס קינד ווערד נישט קראַנק באַלד, ווען עס ווערד אַנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט. די קראַנקהייט איז בעהאַלטען, אַדער זי „בריהט זיך“ אויס אין 7—24 שעה. נור טיילמאַל דויערט דאס אויס בריהען ביז צוויי וואָכען.

אין גרויסע שטעדט הערשט שאַרלאַך שטענדיג מעהר אָדער וועניגער. די קראַנקהייט איז אַנשטעקענד פון אַנפאַנג ביז דעם סוף, בפרט אַם ענדע פון דער קראַנקהייט, בשעת עס מאַכט זיך שופּען אויף דעם קראַנקענס לייב. איז די אַנשטעקונג זעהר שטאַרק; די קראַנקהייט ווערד איבערטראַגען מיט דעם קראַנקענס בעטגעוואַנד, מיט דער וועש, שפּיעלצייג, א. ד. ג. דעריבער ברויך ביי דעם קראַנקען צו זיין וואס אַמווייניגסטען מענשען און זאַכען; דאס קראַנקע קינד מוז האָבען בעזונדערע שפּיעלצייג און כלים; זיין וועש מוז דעזינפעקטירט ווערען, איידער מען וואַשט זי, און אין דעם וואס געהט אַרויס פון זיין גוף ברויך מען אַריינגיסען 5 פּראָצענט קאַרבאָל. דער וואס איז ביי דעם קראַנקען, ברויך אָפּט די הענד צו דעזינפעקטירען און איידער ער געהט אַרויס פון צימער, ברויך ער זיך גוט צו וואַשען און אַנדערע מלבושים אָן צו טהון. ווען די קראַנקהייט ענדיגט זיך, ברויך מען גרינדליך צו דעזינפעקטירען דאס צימער, בעטגעוואַנד, מלבושים, מעביל און פערברענען די זאַכען, וואס האָבען אַ קלייניגעם ווערט. ווייל שאַרלאַך איז אַנשטעקענד ביז צום סוף, דעריבער ברויך מען צו זעהן, אַז דאס קראַנקע קינד זאָל זיך נישט צו פריה צוזאַמען קומען מיט אַנדערע קינדער; אין שולע טאָר עס נישט געהן פריהער, ווי זעקס וואָכען נאָך דער קראַנקהייט, נור פריהער מוז עס זיין דעזינפעקטירט און אויסגעבאָדען; די געזונדע קינדער פון דעם הויז, וואס זענען אָבגעזונדערט געוואָרען פון דעם קראַנקען, מעגען אַנהויבען געהן אין דער שולע ערשט נאָך דריי וואָכען.

## פאַר די בעל-הבית'טעס.

### ניטצליכע מיטעל.

וואַשען אָהן וואַסער. העלע מלבושים, וואס מען טראָגט זומער, ווערען גיך שמוציג און לאָזען זיך נישט גוט וואַשען, אויסער וואס זיי ווערען כמעט אַלע מאָל פון דעם וואַשען געלבליך, ווערען זיי אויך צוקנייטשט. מיר געבען אַלזאָ דאָ אַמיטעל ווי אַזוי די מלבושים צו וואַשען אָהן וואַסער.

מען קויפט אין אַפּטייק אַ גרויס שטיק געוועהנליכע מאַגנעזיע; דאס מלבוש, לעגט מען אויף אַ טרוקענעם און ריינעם טיש און מען רייבט עס פיעל מאָל מיט דער מאַגנעזיע, דערנאָך רייבט מען דאס מלבוש אין די הענד, ווי מען וואָלט עס אין וואַסער געוואַשען. די ערטער, וואס זענען מעהר שמוציג, אָדער בעפלעקט, מוז מען נאָכ'ן אַראָבשיטען די מאַגנעזיע פון ערשטען רייבען, נאָך עטליכע מאָל מיט דער מאַגנעזיע איבער רייבען. נאָכדעם קלאַפּט מען אויס דאס מלבוש אויפ'ן הויף און מען פוצט עס אויס מיט אַ טרוקענע, ווייכע באַרשט פון אַלע זייטען.

**אַ מיטעל צו דערקענען אויב טהיי איז נישט פאַלש.** מען נעמט עטליכע קערענדליך טהיי און מען גיסט דערויף ריין, קאַלטוואַסער. אויב דער טהיי איז ריין, בלייבט דאס וואַסער קלאָר און אַז דער טהיי איז געפעלשט, ווערט דאס וואַסער פאַרביג.

## אַלערליי.

(אַמעריקאַנישע עמאַנציפּאַציע). אין נויאָרק האָט נישט לאַנג אַ גענעראַלס אַ טאָכטער, פרייליין מערי לי געהאַט אויף זיך אַ משפּט. דער חטא איהרער איז געוועזען וואס פאַהרענדיג אויף דער באַהן האָט זי זיך געזעצט אין אַ וואַגאָן, וואס איז געמאַכט נאָר פאַר נעגער. דער קאָנדוקטער האָט איהר געבעטען זי זאָל אַריבערגעהן אין אַ וואַגאָן פאַר „ווייסע“, פרייליין לי האָט אָבער נישט געוואָלט. זי האָט דערמיט בעליידיגט די „ווייסע“, האָט זי געהאַט אויף זיך אַ משפּט.

(אַ גאָלדערנע מחיצה). אין ענגלישען פּאַרלעמענט געפינט זיך אַ גאַלעריי וועלכע איז אַרומגעצאַמט מיט גאָלדענע שטאַבעטען. די גאַלעריי איז בעשטימט פאַר פרויען. עס איז געווען אַ צייט, ווען די ענגלישע פרויען האָבען געבעטען מען זאָל דעם גאָלדענעם צוים אַוועק נעהמען; אַצונד אָבער, אַז עס האַלט שוין דערביי, אַז די פרויען אין ענגלאַנד זאָלען קענען זיטצען אויף די זעלבע גאַלעריען וואו די מענער זיטצען, ווילען די פרויען דער צוים זאָל בלייבען צו איין אַנדענקען פון אַ מאָליגע יאָהרען.





Herausgeber Verlag »Volsbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.